בצלאל פרידמאַן

# באַלויכטענע וועגן

ציכענונגען פון ב. אַראָנסאָן.

פאַרלאַג:
פּראָלעטאַרישע שרייבער-אָרגאַניזאַציע „יוניאָן סקווער"
1929

# אינהאַלט:

# ניו יאָרק

פון הימל קישעפן צו טרוימער ווייטע שטערן
און אָוונט־פלאַטער פונם האָריזאָנט, —
און איך באַהאַפטן בין מיט גאסן און מיט סקווערן,
און ס׳איז מיר יעדער ציגל פון ביליאָנען ציגל נאָנט.

פון ערגעץ נישט פון אויסגעטראַכטע ווייטן
קישעפט טרוימער פון אילוזיעס דער שוים, —
און איך וועל טאָג אין שטאָט צווישן אַרבעטער ניט בייטן
אף כאַלעם וועגן שאָטן פון א בוים. — — —

כ׳וועל ניט זינגען ליד פון מידע שאָטנס
אף אייגענע און פרעמדע גרויע ווענט, —
נאָר ליד פון ניו יארק, ליד פון ציגל און פון דראָטן
אין אויסגעהאָרעוועטע און פאַרשוואַרצטע הענט.

איך האָב אָפּגעשניטן טעג פון אויסגעטראַכטן טויכן
און באַהאַפטן זיי מיט זיד און קאָך פון שטאָט, —
וועל איך זינגען פונם צעמענט אונטער פיס און ניט פון הויכן,
ניט פון שטערנבער אף הימל, נאָר פון שווינדל־ראָד.

ס׳בענקען ניט פאַרשוואַרצטע ברידער היינט נאָך כאַלעם
פון לעוואָנע, זון און אויסגעטראַכטער הויך, —

וועט טאָג פון שטאָט מיט טאָג פון ערגעץ-נישט — נישט
מאַכן שאָלעם.
ניט טיילן זיך אפילע מיט אילוזיעס פון רויך — — — —

פון ברעגן קוני איילאנד ביז וואן קאָרטלאַנדט
ווער האָט וועגן דאָ באַגאָסן מיט צעמענט?
ס'האָבן מיילן דאָ צעלייגט און אָפּגעמאָסטן
גאַנצע דוירעס אָפּגעקויפטע הענט.

---

איז ווי קאָן מען מעסטן שטאָט אַף מיילן
און באַזינגען זי פון פויגל-פלי צי עראָפּלאַן, —
אַז שטאָט איז ריז פון מילי-מילי-טיילן
פון שווערער האָרעוואַניע אַף יעדן טריט און שפּאַן — — — —

זע איך אינם שוואונג פון מיילן בריקן
און אין שווינדל פון די פּופציק שטאָק
קלענסטן שרויף און יעדן רויטן ציגל
קלענסטן שטאַנג און איינגעשרויפטן טשוואָק. — — —

איז דאָס ליד פון שטאָט מיט זעקס מיליאָנען —
שוואַרצע אַרבעט, וואָס האָט וויסטע מיילן אויפגעריכט,
קויאָך אָנגעגאָסן אין פיל-שטאָקיקע בעטאָנען, —
איז דאָס ליד — דער אייביק בויענדיקער שיכט — — — —

---

פאַרטאָג. אין פריער שאָ פון זיבן
ווערט אימפּעט פון דער שטאָט צענויפגעקליבן
און צעשיקט דורך בריקן, שיפן און טונעלן
צו פאַבריקן, גריבער, שטאָלענע געשטעלן.

ווי מיט קישעף עפנט שטאָט איצט אויף די טירן,
און עס שטייען גרייט די באַנען קויאַך צו צעפירן, —
ס׳וואַרט די שטאָט מיט אָפּגעקילטן אייזן פון מאַשינען
אף אכטער שאָ פון יעדן וואַכיקן באַגינען. — — —

איז גוט, ווען פלעשער מילך באַגריסן אף די שוועלן,
ווען קינדער קענען זיך אף שטייפע פיסלאַך שטעלן, —
ווען פון טאָג געזונט, פאַרלאָרן ביי מאַשינען,
ווען פון טאָג געזונט כאָטש קינד אין היים געווינען — — — —

ווען ס׳גריסן אָבער ליידיקע די שטיגן,
און מאַמע דאַרף דאָס קינד מיט פראָסטן טרינק-וואַסער
פאַרוויגן, —
ווען פונם טאָג געזונט, פאַרלאָרן בא מאַשינען,
ווען פונם טאָג געזונט בלויז באַלעבאָס געווינען — — — —

---

פאַרנאַכט. צווישן פינפטער שאָ און זיבן —
וויפיל קויאַך איז אין ריזן-שטאָט געבליבן ? —
ס׳דאַכט זיך:
גוף פון שטאָט וועט באַלד צעפאַלן זיך אַ מידער
און קיינעם וועט ניט בלייבען קויאַך
אף אהיימברענגען אף רו
דעם מידן קאָפּ און גלידער — — — —

באַלד וועט פון די רעדער און טראַנסמיסיעס
אָפּטאָן זיך דער וואונדער, —
און אומגיין צווישן ווענט פאַרשוויגענע
וועט אַ פאַרשוין אַ רונדער
און מעסטן, ווען אף דער שאָל פון אייגן לעבן
וויפל ס׳האָט געקויפטער טאָג געגעבן — — — —

ווערט קיל און קילער אייזן פון געשטעלן,
און ווארעם וואַרעמער דאָס אפוואַרטן אף שוועלן — —

און שפּעטער, אף צענויפקומען פון בויער,
וועט אויך געוואויגן ווערן טאָג פאַרמאַשקנטער און גרויער,
מיט וואָג אף שאָל פון מיליאָנען-לעבן
וועט טאָג סאַך-האַקל אויפגעריכטן געבן — — —

# עלף יאָר ראַטנפאַרבאַנד.

אַנגעצונדן איז די שוועל מיט פרייד
און ס'יערן עלף יאָר אין מאַרך פון יעדן ביין —
עלף רויטע יאָר.
און ס'זיינען העגט אַ רויטער עלף...
און פיס צעוויגט אַנטקעגן צוועלף —

כ'בין מוידע זיך:
כ'האָב ציטעריק די ערשטע יאָר געציילט,
געשראָקן זיך פאַר יעדער וואונד,
וואָס האָט זיך נאָך געהיילט..
כ'האָב קאָפּ און האַרץ אַ יעדן אינדערפרי
אַריבער מיילן טויזנטער געאַנקערט...
געאָטעמט מיט די טריט
פון רויט-אָקטאָבערישן שניט...

און היינט —
היינט וועלן טעג שוין מער ניט צווייפלען, זיך פאַרטראַכטן,
היינט ליגן טעג, ווי קובן זון, צווישן גאַסן.
און אויפגעגאַנגען זיינען עלף רויטע יאָר אין בלוטן
און געלייטערט:
ליב-צו-האָבן און צו האַסן...

ס׳לויערן אַף דיינע ראַנדן
רומעניִשער באַיאר און פּאַן אין שפּאָרן,
נאָר ראַנדן ליגן היינט דערהויבן,
רייף און רייפער אַלץ מיט רויטן וואָרן
און מיט געלייטערטן אין בלוטן רויטן גלויבן...

זיינען היינט פרימאָרגנס אָנגעלייגטע, אַפּגעוואַרטע,
ווי כאַוויירים צ׳ריק פון טורמעס, לאַנג פאַרשפּאַרטע...
שטיי איך אויף אַיעדן אינדערפרי מיט קאָפּ מיט ליכטיקן
און הער די אָנהייב־טריט אַף וועג אַף ריכטיקן,
און אָטעם מיטן טאַקט
פון יעדן האַמער־הויב אַף נייעם טראַקט...

אָנגעצונדן איז די שוועל מיט פרייד,
און ס׳יערן עלף יאָר אין מארך פון יעדן ביין —
עלף רויטע יאָר.
און ס׳זיינען הענט אַ רויטער עלף...
און פים צעוויגטע אַנטקעגן צוועלף. — — —

# סאַנדינאָ.

ניקאַראַגואַ,
סאַנדינאָ.
אַ ווידערשפּעניקער.
אַ „רויבער״.
וואָס איז זויבערער פון זויבער ? —
לעבן פון
סאַנדינאָ.

כ׳וועל מיין קינד
פאַר שלאָף
דערציילן אַזאַ מייסעלע
אָן סאָף :

ס׳איז אַמאָל געווען
סאַנדינאָ,
אַ ווידערשפּעניקער.
אַ רויבער ?
אַ גלויבער !
מיט אַ לעבן זויבערער פון זויבער — — — —

וועלן קינדער פאַרן שלאָף
הערן ס׳מייסעלע אָן סאָף :

ס'איז אַמאָל געווען סאַנדינאָ
אין ניקאַראַגואַ־מעדינע
און ליב־געהאַט האָט ער
זיינע אָרעם־אָרעם ברידער,
וואָס געאַרבעט האָבן שווער,
ווי דאָס אייגן לייב און גלידער — — — —

איז אַמאָל אַ שטאַרקער סוינע
אָף די ברידער אָנגעפאַלן
און פאַרברענט די אָרעם־הייזער
און געצונדן שטאַלן.

האָט סאַנדינאָ אויפגעזאַמלט
זיינע אָרעם־אָרעם ברידער
און אַוועק מיט זיי אין טאָלן,
און פון דאָרט פלעגט ער באַפאַלן
שטאַרקן סוינע און אים צאָלן
פאַר פאַרוויסטע פעלדער
און פאַרברענטע שטאַלן.

וועלן קינדער אינ'ם שלאָף
זעען ס'מייסעלע אָן סאָף:

ס'איז אַמאָל געווען סאַנידנאָ
אין ניקאַראַגואַ־מעדינע, —
א ווידערשפעניקער.
אַ רויבער?
אַ גלויבער!
וואָס איז זויבערער פון זויבער? —
לעבן פון
סאַנדינאָ.

# מאַרט

מ אַ ר ט —
כוידעש פון רעוואָלט.
אָנגעגאָסן זיינען טעג פון מאַרט מיט שטורעם-רייץ
מיט רויטן ברויז ביז צום פאַרפלייץ,
מיט צוזאָג ליכטיקסטן אַף טעג,
ווען פרייד פאַרפלייצן וועט אַ וועלט
פון ברעג ביז ברעג — — — —

מאַרט —
כוידעש פון רעוואָלט.
כוידעש פון צעזוניקטע געשיכטלאַכע געבורטן,
שטורעם-טעג מיט שענסטן אויפקום אָנגעגורטן.
מאַרט—מאָנומענט,
וואָס בלענדט
און שניידט
דעם כוישעך פון פאַרשטויבטע טעג
און אונזער צייט — — — —

מאַרט —
קאָמונע און סאָוועטן,
טעג פון פרוכטיקסטער אַנטפּלעקונג,
פון מענש-רעבעל, פון ערד און פון פּלאַנעטן.

טעג פון הערלאַכסטן צעגלי
פון מעסירעס-נעפעשדיקער דוירעסדיקער מי — — — —

מאַרט —
פון פראַנקרייך, אונגאַרן און ראַטנרוסלאַנד,
מיר האָבן זיך דערוואַרט — — — —
און וועלן זיך דערוואַרטן
אף נייע רויטע מאַרטן —
ס'טראָגן זיך שוין אָנזאָג-טעג דער וועלט אַנטקעגן
ווי אָפּגעוואַרטער, מיט אויגן-אויסגעקוקטער רעגן. —

מ אַ ר ט —
כוידעש פון רעוואָלט.
אָנגעגאָסן זיינען טעג פון מאַרט מיט שטורעם-רייץ,
מיט רויטן ברויז ביז צום פאַרפלייץ,
מיט צוזאָג ליכטיקסטן אף טעג,
ווען פרייד פאַרפלייצן וועט אַ וועלט
פון ברעג ביז ברעג — — —

# סאַקאָ־וואַנזעטי

(צום טויט)

אױף נאַכט איז געקראָכן דער טויט
מיט מיסיע וויסטער פאַרטרויט
פון באָסטאָן דער שטאָט,
צו שענדן אין נאָמען פון גאָט
דעם מענטשלאַכן מין —
צוויי זין
פון אַרבעטער־קלאַס.

און פאָנעם פון ערדישן קויל
האָט געשווידערט פון גרויל:
ווער באָסטאָן די שטאָט
היינט צינדן עלעקטרישן דראָט
אין האַרץ פון דער וועלט,
וואָס שעלט
מיט דערוואָרגענעם האָס? —

אין קעפּשטעט פון אַלע מעלוכעס
פלאַטערן ניי־געבאָט לוכעס
פון בלוטיקן רויט:
אַ טויט צו דעם טויט!
דורך עלעקטרישן קנאָפּ
דיין קאָפּ,
געלט־בעסטיע מעשוגאַס!

נאכט ליגט אין ספייקעס דערוואַרגן —
ווער וועט די האָפענונג באַרגן ?
עס ציילן מיליאָנען די שאָען,
פאַרשניטן פון מענטשלאכע קראָען :
מינוט נאָך מינוט
אַ רוט
אינ׳ם הילפלאָזן קאָם — — — —

שולדיק.
געזעץ איז געדולדיק :
פאַרשריבן
פון יאָרן שוין זיבן —
טויט.

שטול גרייט,
נאָר פינגער צום קנאָפּ
וועט ברענען קנויט
און סמאַליען
קאָפּ
נאָך
קאָפּ.

וועלט איז אָף וואַגשאָל :
גנאָד ? עשאַפּאָט ?
באַוואָפנט ביים צינגל
שטייט באָסטאָן די שטאָט,
און —
נאכט ליגט אין ספייקעס דערוואַרגן —
ווער וועט די האָפענונג באַרגן ?

טויט
קויאַך
פאַרמאָסטן אַף
מויאַך
פון וועלט.

מיזראַך, מאַירעוו, דאָרעם, צאָפן,
וועלט איז אַ נאַכט ניט געשלאָפן,
ביז פון באָסטאָן דער שטאָט
האָט זיך דראַטלאָז, דורך דראָט
איבער יאַם,
צו יעדן שטאַם
צעטראָגן דול:
פאַרברענט
אַף עלעקטרישן שטול.

וועלן אַזוי מיר פאַרשרייבן
פאַר דוירעס ס׳זאָל בלייבן:
שטאָט באָסטאָן
פאַרמאָסטן
מיט קויאַך
אַף מויאַך
פון וועלט.
נאָך זיבן יאָר טויט
האָט אַ נאַכט
צעביסן די רינגען פון אכט!

וועט טויט
אינם אויער פון וועלט
ניט אויפהערן ברומען
ביז עכאָ וועט קומען — — — —
— — — — — — — — — —

# סאַקאָ־וואַנזעטי.

(ערשטער יאָרטאָג)

באָסטאָן האָט פאַרברענט
און אַף באַלטישן זאַוואָד
בויען אויסגעלייזטע הענט
האַנדלס־שיפן צוויי,
און די נעמען גיט מען זיי:
ס אַ ק אָ א ו ן ו ו אַ נ ז ע ט י.

ווען שיפן פאָרן איבער יאַמען
און אַנקערן באַ טויערן פון שטעט
די נעמען:
סאַקאָ און וואַנזעט' —

ווען שיפן פאָרן איבער יאַמען
איבער מיזראַך, מאַירעוו, צאָפן, דאָרעם —
זאָל זיך סוינע טרייסלען מיט די קוואָרעם,
מיט די גופים, וואָס ער האָט פאַרברענט —
אויף באַלטישן זאַוואָד
בויען אויסגעלייזטע הענט
די נעמען:
סאַקאָ און וואַנזעטי —

און קומען וועט נאָך אויך די שאָ
אָט־דאָ:
אין האפנס פון די שטעט
באָסטאָן און ניו יארק
וועלן אנקערן די שיפן
סאקאָ און ואנזעט' — — —

# האָדסאָן

ניט צום גליווער
פון די פּאַליסאַדן,
וואָס טוקט זיך אין האָדסאָן,
וועל איך זינגען.
ס'ליגןביידע לענגען פונם האָדסאָן
איינגעשמידט אין רינגען.
ס'איז האָדסאָן טייך
אַ שוואַרצער פּאַס
פאַר שוואַרצער אַרבעט
פון די ברידער פון מיין קלאַס — — —

כ'וועל ניט באַזינגען האָדסאָנס גרין און בלוי,
נאָר באַרזשעס און שיפן
און הייצערס אין די פייערדיקע טיפן.
כ'וועל באַזינגען
האָדסאָנס ביידע לענגען
איינגעשמידט אין רינגען
מיט פלעקן פונם אויל
אין יעדער פּערים מויל — — —

כ'וועל באַזינגען האָדסאָן,
וועלכער שמידט צו ברעגן
שווערע מי און מאַטער

פון אַלע ווינקלען לאַנד און וועגן, —
פון באַרויבטע ברידער
ניט פאַר ברידערס-וועגן.

ס׳איז האַדסאָן אַף שטיקער צעשניטן,
מ׳האָט שטיקער האַדסאָן
אַף אויצרעס גאָלד געביטן.
פון אַלע וואַסער-וועגן
אַהער, אַהער צו האַדסאָנס ברעגן
מיט שיפן פול-געלאָדענע —
דאָ בייט מען אויס
פאַרהאָרעוועטע נעכט און טעג
אַף רענדלאַך פולע זעק — — — —

ס׳איז האַדסאָן
ניט קיין רעגנבויגן אַף די שוימען,
ניט קיין וואונדערשפּיל פון פאַרבן:
ס׳איז האַדסאָן — שיף און קוימען,
און וואַסערדיקע קאַרבן
מאָלן פאַר די אויגן
לייב און מידע גלידער
און ניט קיין וויזיע
פאַר בענימעסדיקע לידער — — — —

פאַרטאָג
איז האַדסאָן פול מיט וואָג
פון אויסגעשעפּטן קויאַך
פון פעלקער און שטאַמען
אַף טריקעניש און יאַמען,
אין ס׳דאַכט זיך אויס:

ס׳קרעכצן ברעגן אונטער יאָך
און באַלד וועט הערן זיך אַ קראַך אַזאַ און בראַך:
ס׳ברעכן ברעגן אָפּ זיך פון דער שטאָט,
און גרינג ווערט שטאָט און הייבט זיך הויך
ווי פון די קוימענס דער רויך — — —

באַנאַכט
איז האָדסאָן שוואַרץ
ווי זונען-טעג אין קוילן-שאַכט;
פון ברעגן פינטלען פייערדיקע שילדן.
און פאָרסטו אָף אַ שיף אין שפּעטער שאָ,
כאָלעם ניט פון טאָג פון מילדן;
אַפילו גליווער פון די שטומע פּאַליסאַדן
וועט שמעלצן זיך אין טעג
פון באַריקאַדן. — — —

# קאָלאָראַדאָ, פּענסילווייניע, ניו־בעדפאָרד.

קאָלאָראַדאָ, פּענסילווייניע, ניו־בעדפאָרד.
וועבער.
קוילנגרעבער, —
פונ׳ם אלטן שטייגער
די באַגרעבער — — — —

קאָלאָראַדאָ, פּענסילווייניע, ניו־בעדפאָרד, —
ערשטע שטערן אף דער נייער פאָן:
שטעט, וואָס האָבן אייגן לעבן
איינגעשטעלט אין קאָן.

סטרייק — שאַרף!
און ס׳איז באַפעל:
וואַרף
פון הייזער
סטרייקנדיקן מאַן, זיין ווייב און קינד!

סטרייק — האַס!
קלאַס שטייט קעגן קלאַס
באַ שוואַרצע מיילער פון די קוילן־גריבער —
ס׳זיינען טעג פון שאַלעם
שוין אַריבער — — —
— — — — — — — — — —

# קראַסין און מאַליגין.

קראַסין און מאַליגין —
רויטע שיפן אינ׳ם צאָפנדיקן אייז
שפּאַלטן וועלט מיט העלדישן באַוויייז:

פאַרלאָזן און אַנטלאָפן פון כאַוויירים
איז נאָבילע דער פאַשיסט, —
איז געקומען הילף פון לאַנד,
וואו מאַקרעווו-זיין-זיך גרייט איז יעדער קאָמוניסט, —
פון לאַנד, פון הערשער איבער וועלט, פאַרהאַסטן
זיינען אָפּגעשוואומען קראַסין און מאַליגין
מיט רויטע פאָנען אָף די מאַסטן — — —

אָף שטומע טעג אָף צאָפן-יאַם
האָבן פאָנען צוויי געפלאַטערט:
פאָן פון ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָט באַפרייט,
פאָן פון שוואַרץ-איטאַליע, וואָס מאַטערט — — —

קראַסין און מאַליגין שניידן אייז,
טשוכנאָווסקי און באַבושקין שניידן נעפּלען
און אָף קריעס פרירן לעבנס איין
צוזאַמען מיטן ברוכוואַרג פון נאָבילעס צעפּעלין. — — —

אַף קריעס אייז אין צאַפּנדיקן יאַם
ווער האָט פריינט פאַרלאָזן און פאַרראַטן: —
און ווער זיינען די העלדן פונ׳ם בראַוון שטאַם:
טשוכנאָווסקי און באַבושקין און די איבעריקע יאַטן? —

אַף שטומע טעג אַף צאַפּן־יאַם
האָבן פאָנען צוויי געפלאַטערט:
פאָן פון ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָט באַפרייט,
פאָן פון שוואַרץ־איטאַליע, וואָס מאַטערט. — — — —

## לענין־מאָנומענט.

איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף —
מיליאָנען ציילן,
ציילן:
טויט —
ס׳וועט דער לענין־שניט אין מויאך
קיינמאָל זיך ניט היילן — — —

לענין:
טעג פון כוישעך
לויטער —
טעג פון אומרו
רויט און רויטער —
טעג מיט אויפקום
ברענען,
טעג מיט
לענין — — —

הענט. הענט,
וואָס לאָזן שיפן אַף די יאַמען,
רייסן ביימער מיט די שטאַמען,
לאָזן די מאַשינען,

קריכן אין די שווארצע מינען
אין שאָען פון באַגינען —
הענט, הענט:
לענין־מאָנומענט — — —

באַוווער
אַפן סיגנאַל־טורעם
פונ׳ם קאָמינטערן,
ווען ס׳וועט אויפרייסן דעם שטורעם,
וועלן הערן,
וועלן קומען
הענט,
גרייטע הענט
און אָנטפּלעקן:
ל ע נ י ן ־ מ אָ נ ו מ ע נ ט — — —

# איר און מיר

(7־טער נאָוועמבער)

אַ מאַטאָנע כ׳ שאַכנע עפּשטיין.

מיר מעסטן ניט דעם שעטאָך
צווישן אייך און אונז אין ברייט —
מיר מעסטן אים אין הויך...
ס׳איז צווישן ערד און זון די אַטמאָספער,
וואָס ליגט צווישן אונז און עסעסער...

לעבן מיר דאָ נאָך ווי אַף אַן אַנדערן פּלאַנעט.
און ס׳איז אַף ליפּן נאָך ניט אָנגעצונדן
ס׳וואָרט: סאָוויעט!
„סערפּ און האַמער” גריסט ניט
ביים אַריינפאָר אין די שטעט...

ס׳איז נאָך אונזער ערד ניט אויסגעלייזט
מיט אייגן ביין און בלוט,
און ס׳פּייפט נאָך
איבער לייב פאַרמאַשקנטן די רוט...

איר און מיר... ניט מיר:
ניט דרייסט איז נאָך די פען,
און ס׳בייגן זיך די קני
פאַר אייערע וואולקאַנישע יאָר צען,
פאַר אייער אויפגעריכטער מי...

ניינצן־זיבעצן — אַ שניט!
א שניט אין פוילן לייב פון טויזנט יאָריקער געשיכטע,
און ס'קומען טעג אַזוינע פרישע, אויפגעריכטע,
און ס'הויבט זיך אָן די ציילונג פון דער וועלט
פונסניי —
איינס, צוויי, דריי, —
און אָנגעציילט ביז צען —
אין טעמפּן מויאך פון דער וועלט אַ ברען!

און מיר!
מיר ציילן נאָך פון יעזוס'עס געבורט,
מיר זיינען נאָך מיט אייער קויאַך ניט געגורט.
און טעג, וואס דאַרפן קומען,
זעען מיר ביים ליכט,
וואָס איר אף קאָפּ פון וועלט
האָט אויפגעריכט... — — —

## 75 פּאַראַגראַפן.

(סאָוועטישער אַנטוויקלונגס־פּלאַן)

75 פּאַראַגראַפן —
עפּיטאַפן
אַף וועלט
פון אוראַלטער לעגענדע
מיט קאַין און העוועל
ביז טעג אין זשענעווע — — — —

75 פּאַראַגראַפן —
עפּיטאַפן
אַף וועלט
מיט נאָמאַדישע שוואַטים אַף וויסטעס
ביז טעג אין זשענעווע
נאָך 20 יאָרהונדערט פון קריסטוס — — — —

באַגלייט האָט די הערשער
אַף פעלקער און לענדער
אין טעג פון זשענעווע
דער רייאַך פון אַלטער לעגענדע
מיט קאַין און העוועל — — —

גע‎אָ‎טעמט מיט רייד פון ליטווינ‎אָ‎וו —
ס‎אָ‎וועטישן שליאך,
ב‎אַ‎גלייט די רויטע ש‎אָ‎לעם-פ‎אַ‎ר‎אַ‎גר‎אַ‎פן
ה‎אָ‎ט אַ וועלט
מיט שטורמענדיקע שקל‎אַ‎פן — — —

## יאָר הייבט אָן.

— 1928
יאָר הייבט אָן
מיט שכיטע אין קאַנטאָן
אַף רויטן קאָנסולאַט —
אין בלוט געטונקען ס׳ערשטע בלאַט.
און איבער ראַטפאַרבאַנד,
ווען אָנגעקומען איז יעדיע,
זיינען אומגעגאַנגען יונגען
און געביסן זיך די פינגער :
זאָל רויטע מאַכט נאָר הייסן גיין,
זיך רעכענען, —
וואָלט, זיכער וואָלט געוואָרן גרינגער — — — —

נאָר ראַטנמאַכט
האָט איינגעהאַלטן יונגען : —
רויטע ניאַגאַראַס רייסן זיך פון בערג אין טאָלן —
שוין דאָ,
שוין אויפגעגאַנגען דאָרט אין כינע
רויטע, בראַווע,
וועלכע צאָלן — ,
ווי לאַווע
אויפגעריסן דאָרט דער טאָג.

און שאַרף,
ווי כאַלעף,
פון די גאַסן יעדער ראָג — — — —

זיינען יונגען איבער לאַנד געבליבן וואַרטן: —
רויטע ניאַגאַראַס רייסן זיך פון בערג אין טאָלן —
צאָלן! צאָלן!
היי! היי!
געלע ברידער אונזערע פון כינע,
מיר אַלע האָדעווען מיט ליבע
אַזאַ סינע — — — —
און אויפגעריסן איז שוין טאָג,
און שאַרף,
ווי כאַלעף,
פון די גאַסן יעדער ראָג — — — —

# אַלעקס קעמפּבעל און פּיט ראַילי

(דערהאַרגעט אין מיינער־סטרייק)

מאַמע פון אַלעקסן, מאַמע פון פּיטן —
פאַריאָסעמטע מאַמעס אונז צוויי —
ס'האָט האַנט פון'ם סוינע די יאָרן פאַרשניטן
און פרייד פון צוויי קרעפטיקע זין אויסגעביטן
אַף אייביקן מאַמעשן וויי. — — — — —

מאַמע פון אַלעקסן, מאַמע פון פּיטן —
צי לעבן נאָך ערגעץ אַף ערד ? —
זאָגט וויפיל האָט סוינע אייך יאָרן פאַרשניטן
און וויפיל אַף אייביקן ווי אויסגעביטן
האָט סוינעס פאַרבלוטיקטע שווערד. — — —

און אויב ס'איז אין ערגעץ קיין זייכער געבליבן
פון פּיטס און פון אַלעקסעס שטאַם —
זיינען פאַרבליבן נאָך גרעבער אין גריבער
מיט קירקעס אין הענט און מיט לעמפּלאָך אַף שטערן —
זיי וועט דער שטענדיקער אָנדענק געהערן
פון אַלעקס און פּיט. — — —

## זיבן שאָ.

(סאָוועטישער דעקרעט וועגן
7־שאָאיקן אַרבעט־טאָג)

ס׳לעבט מיין טאַטע נאָך —
אַן איידעם פון דריי צענדליק מידע יאָר
אין שטויביקער טאַבאַק־פאַבריק
צו צוועלף שאָ אַ טאָג.

אויסגעהאָרעוועטער טאַטע,
אַף דיין פאַבריק איז היינט
סאָוועטישער פארזאָג:
זיבן שאָ אַ טאָג! —

אויסגעהאָרעוועטער טאַטע,
נעם פאַפיר א בויגן
(שווער אַפילע איצט פאַר דיינע מידע אויגן),
טאָפּל יאָרן אַף כאַדאָשים און אַף טעג,
אַף צוועלף און אַף זיבן, —
ווערט אויפגיין אַזאַ אויצער טעג,
וואָס דו האָסט אָנגעוואָרן און מיר שוין אָנגעקליבן — — —

און אויב עס טוט דיר באַנג
פאַר דרייסיק יאָר
פון זון דער אויפגאַנג און פאַרגאַנג, —
זאָל זיין דיין טרייסט

די ראַטנמאַכט,
וואָס האָט פֿאַבריקן אויסגעלייזט
און פירט שוין דורך איר אייגענעם פֿאַרזאָג:
ז י ב ן ש אָ א ט אָ ג —

און אויב עס נאָגט אַף יאָרן עלטערע
אַ בענקען, —
זאָל זיין דיין טרייסט:
דער אויצער טעג, וואָס ראַטנמאַכט
וועט נייעם דאָר איצט שענקען. — — — —
— — — — — — — — — — —

## בירָאָ־בידזשאַן.

אוי, אוי —
אַלטער קרעכץ פון הילפּלאָז,
אוי, אוי —
איז אַף בירער פעלדער
אויסגעביטן
אַף פרימאָרגן־טוי — — — —

אוי, אוי —
קליינשטעטלדיקער אויסקוק
אַף גראָשנדיקן פּידיען,
אוי, אוי —
אַף בידזשאַנער פעלדער
אויסגעביטן
איז אַף איבערבוי — — — —

אוי, אוי —
ס'פאַרלאָזן זיך אַף ניסים
אין און לעבן קראָמען —
אוי אוי —
ווי אַ בייזער כאָלעם
אַף אַמורער שטראָמען — — — —

אוי, אוי —
פאַר פאַרשעמטע יאָרן
ווער וועט צאָלן? —
אוי, אוי —
אייגן ערלאָך לעבן
אין די בירער טאָלן — — — —

אוי, אוי, —
פאַר די יאָרן וויסטער נויט
ווער וועט צאָלן?
אוי, אוי, —
אין בידזשאַנער טאָלן
אייגן ערלאַך ברויט — — — —

## אַפ׳ן פעלד, צי פאַבריק
(קינדער הימנע)

אַפ׳ן פעלד, צי פאַבריק,
אינ׳ם דאָרף אָדער שטאָט —
זאָל פארהילכן די לופט
דאָס ארבעטער־געבאָט:
אַלע איינס, איינס פאר אַל׳!

אין דער היים, צי אין גאַס,
ווייטן וועג אָדער יאָם —
אומעטום שאַלט דאָס ליד
פונ׳ם קעמפערישן שטאַם —
אַלע איינס — אידעאל!

באַ דעם ביניען, מאשין,
אַפ׳ן שיף, אָדער באַן,
אַרום ערדישן קויל
אזאַ פרייד איז פאראַן:
אַלע איינס — קויאַך־קוואל — — — —

אין גרוים פרייד, צי אין צאַר,
העלן טאָג, אָדער נאכט
הילכט דורך וועלט רויטער רוף,
וואָס דערמוטיקט, דערוואכט —
אַלע איינס, איינס פאר אַל׳!

ווײַס קאָליר, אָדער געל,
ברוינע הויט, אָדער שוואַרץ —
אַלע אײנס, אַלע אײנס,
ווער ס'פאַרמאָגט נאָר אַ האַרץ...
אַלע אײנס, אײנס פאַר אַל'!

## רויטע ארמיי.

רויטער פראָנט —
שויץ פון אַרבעטער אַרמיי
אַף זעקסטל פון דער ערד!
היי, היי —
זאָל סוינע וואַגן אויפהייבן די שווערד
אַף זעקסטל פון דער ערד — — — —

רויטער פראָנט —
שויץ פון אַרבעטער-אַרמיי —
ס'לויערט פיינט פון ווייט און נאָנט.
היי, היי —
גרייט פאַר יעדער שאָ, וואָס מאָנט
באַוואָפנט האַרץ און אויער
פון אַרבעטער און פויער — — — —

רויטער פראָנט —
סאָוועטישער סאָלדאַט
פון אייגן פעלד און אייגענעם ווארשטאַט —
גרייט! גרייט!
פאַר אַלע נעצן, וואָס דער פיינט
האָט אויסגעשפּרייט און שפּרייט — — — —

רויטער פראָנט —
פאַר אויפגעריכטן סערפּ און האַמער —
גרייט! גרייט!
אָפּצוהיטן
אייגענעם ווארשטאַט און טוואוע קאַמער — — — —

## ...230

אַף גאַסן קאַנטאָנער
האָט סוינע געטרונקען נעקאָמע
פון קעפּ —
פון צוויימאָל הונדערט דרייסיק
רויטע מאַנער — — —

סוינע האָט געגרייט פּאַר שטאָט
אַ מאַסקאַראַד אַ וויסטן
און באַהאָנגען
סלופּ און דראָט
מיט קעפּ
פון צוויימאָל הונדערט דרייסיק קאָמוניסטן —

היי, טעג
פון רוסישן באַרבאַרישן אָליעג
דערלאַנגען זיך די הענט
מיט טעג
פון טשיאַנג-קאַי-שעק. — — —

קאַנטאָן —
פּאַר גיריקע מעלוכעס —
אַ העפקער-פּריטאָן ;
פּאַר אייגענע טעכטער און זין —
גיליאָטין — — —

ס׳וועט יעדער קעמפער פֿאַלן אַף די קני
פֿאַר יעדן אָרעמען כינעזישן קולי,
וואָס גיט אַוועק דעם קאָפּ
פֿאַר רייז, געזונטע פּים
און קאָפּ אָן צאָפּ — — —

ס׳וועט יעדער קעמפער פֿאַלן אַף די קני
פֿאַר יעדן אָרעמען כינעזישן קולי,
וואָס גיט אוועק דעם קאָפּ,
דעם אויסגעמאַרעטן גוף,
מיט קדוישימדיקן רוף:
פֿאַר יעדן קאָפּ אַף גיליאָטין
צען נייע שטורמענדיקע זין,
וואָס וועלן
מיט דער ליבע אונזערער און סינע
צעצינדן ראַטן-כינע — — —

## צו דער וואנט...

האָסט זיין לעצטן בליק פֿארהוילן,
פֿארנומען זיינע גסיסע־גרוילן,
זיין לעצטן לעבנס סאָד באהאלטן
אין דיינע פעסטע מויער־שפּאלטן...

אויף דיר געזידט נאָך האָבן בלוטן,
געקילט זיך לעצטע לעבנס גלוטן...
געקראַמפּט זיך לעצטע לעבנס־צאַפּלען,
געאָרעמט דיינע מויער־שטאַפּלען...

וואָס האָט ער צווישן טויט און לעבן
פֿאַרטרויט דיין קאַלטן, שטומען מויער ?

דו שטייסט ווי פריער שטום און שווארץ,
כאָטש ס׳גליט אין דיר אַ קעמפער־הארץ...

## „פרייהייט".

ס'הייבן אויף זיך אונזערע פאַרטאָגן
מיט הונגעריקע אויערן און אויגן:
וואָס וועט „פרייהייט" — אונזער מויל — היינט זאָגן,
וואָס וועט ברענגען יעדער פריש-געדרוקטער בויגן? —

ס'הייבט זיך אָן אַ קרעפּטיק לעבן ביי מאַשינען
און הונגעריק איז אויג און שאַרף דער אויער:
וואָס האַמערט אונזער דרוקמאַשין אוים היינטיקן באַגינען,
וועלכער אָנזאָג וועט זיך טראָגן היינט פון רויטן מויער? —

וועלכן אָנזאָג וועט די „פרייהייט" היינט פאַרשפּרייטן
אין פאַבריקן ביי צעשוואונגענע מאַשינען? —
ס'וועט רוף געפינען אומעטום אַן אַרבעטער אַ גרייטן,
וואַרפן זיך אין קאַמף, אין קאַמף געווינען...

וועלכע גרוסן וועט די „פרייהייט" היינט פאַרשפּרייטן
אין פאַבריקן און אין מידע הייזער? —
וועלן מיר ביי טישן אָרעם-צוגעגרייטע
פילן, ווי עס רוקט זיך אָן דער רויטער ווייזער...

ס'הייבן אויף זיך אונזערע פאַרטאָגן
מיט הונגעריקע אויערן און אויגן:
וואָס וועט „פרייהייט" — אונזער מויל — היינט זאָגן,
וואָס וועט ברענגען יעדער פריש-געדרוקטער בויגן?

## רויטער שטימצעטל

זאָל יעדע האַנט,
וואָס האָרעוועט פאַר ערלאַך ברויט, —
שטימען ר ו י ט.

זאָל אין פאַבריק,
אַף שווינדלדיקער הויכקייט, ס'ווערט געבויט,
ביים טיש מיט ווייב און קינד,
מיט שווער־פאַרדינטן ברויט,
געהערט ווערן די שטים פון אייגן בלוט
שטימען ר ו י ט.

זאָל האַנט, וואָס פראַצעוועט,
אַליין זיך ניט פאַרראַטן,
און אויפנעמען דעם רויטן רוף,
וואָס אָנגעזאָגט האָט
פיר־און־דרייסיג שטאַטן —
רוף פון שוויים און נויט,
צו שטימען ר ו י ט.

מיט רויטן שטימצעטל
צו וואַלן —
רייף איז צייט

צו לייגן רויטע שפּאַלן
אַפן וועג
צו אויפגעריכטע טעג.

זאָל קיינער אייגן לעבן
ניט פאַרשעמען, —
מיט אייגן ערלאַך לעבן
האָדעווען די נעמען:
פאָסטער, גיטלאָוו —
רויטע קאַנדידאַטן
אין פיר־און־דרייסיג שטאַטן.

זאָל יעדע האַנט,
וואָס האָרעוועט פאר ערלאַך ברויט, —
שטימען ר ו י ט.

# מיר האָבן ווייניק יאָמטעוודיקע טעג

מיר האָבן ווייניק יאָמטעוודיקע טעג,
ווייל וועלט איז נאָך פון נויט ניט אויסגעקויפט.
מיר זיינען ניט דערגאנגען נאָך צום אויפגעריכטן וועג,
און לעבן איז מיט גרויסער פרייד ניט אָנגעהויפט.

מיר האָבען ווייניק יאָמטעוודיקע טעג
און זעען פרייד פון קומענדיקן טאָג דורך טרוים.
עס שאַרפן אָבער הענט מאָזאָליסטע די זעג,
וואָס אונטערזעגן וועט דעם ווערעמדיקן בוים.

דערווייל איז אונזער אויסגעבענקטע פרייד —
געזעטיקטע בעשוטפעסדיקע נויט;
און ס'איז פון האָריזאָנט ביז האָריזאָנט צעשפרייט
לעבן אונזערס, אויסגעצירט מיט שוואַרץ און רויט — —

מיר האָבן ווייניק יאָמטעוודיקע טעג
און איינגעהויקערט זיינען טעג פון צאַר —
ס'איז מאַי דער ליכטוואַרפער אַף נייעם וועג,
ווען ס'וועט מיט פרייד פון אַלע זייטן טאָן אַ שפּאַר.

פון ראַנד ביז ראַנד מיט מאַי,
פון האָריזאָנט ביז צווייטן;
פון אונזער האָדסאָן ביז דונאַי
וועט לעבן ניי זיך שפּרייטן.

## קעמפ „יוניטי״.

„יוניטי״ — זון־רויטע רו
אויף טעג פון שטאָט צעפּאַטערטע !
„יוניטי״ — רויט קויאָך קוואַל
פאַר גופים אויסגעמאַטערטע !

„יוניטי״ — פון זון ביז זון
מיט פרייע טעג
צו ציילן אָף די פינגער —
דאָס לאַנגע שווערע יאָר
מאַכט אָבער „יוניטי״ אונז גרינגער — — — —

„יוניטי״ — רויטער לאַגער
מיט עמבלעם פון סערפּ און האַמער
קרעפּטיקט אויפגעוואַכטן רויטן פּראָלעטאַר
אין קאַמף מיט לעבן־קלאַמער — — —

„יוניטי״ — פון מאָרגן־רויט ביז מאָרגן־רויט
מיט לייב־און־לעבן פריש, באַפרייט.
קיין איין מינוט פאַרקויפט פאַר געלט.
לעבן ווערט דאָ יונג, באַנייט
אין יעדן אָפענעם געצעלט — — —

„יוניטי״ — מיר טראָגן דיינע טעג אין שטאָט
און ווען דער קאמף וועט טאָן זיך
א צעפלאַקער,
וועלן דיינע טעג זיין
דער רויטער אַקער,
אויפצוגראָבן אַ פאַרשעמטע וועלט,
מיט נויט און הונגער-הוימען אָנגעשטעלט —

„יוניטי״ — מיט ליכטיקע אויגן,
פריי פון באַלעבאָס און אונטערדריקער;
טעג פון „יוניטי״ אַזוינע שטאָלצע, ניט געבויגן!
און ווען ס׳וועט שלאָגן גרויסע רויטע שאָ,
וועלן דיינע טעג
זיין די ציינער
פון דער רויטער זעג — — —

## אַמאָל? ניין.

אַמאָל?
ניין.
ס'איז היינט און מאָרגן, איבערמאָרגן.
מיין פרייד איז ניט אין שלייערן פאַרבאָרגן.
און אָפן איז מיין פרייד אַזוי,
ווי אויפגעגאַנגען לעבן אין אַ פרוכפּערדיקער פרוי.

אַמאָל?
ניין.
ס'איז היינט און מאָרגן, איבערמאָרגן.
כ'דאַרף קיין פרייד אין טעג פאַרגאַנגענע ניט באָרגן.
ס'איז יעדער טאָג ביי מיר פון פרייד אַ שעפּע אויף אַ וואָר:
מיין טאָכטערלס געראָטענע זעקס יאָר.

אַמאָל?
ניין.
ס'שטייט מיין טאַטע נאָך—אַ זעכציקער—ביי דער מאַשין,
און מאַמעס פרוכפּערקייט האָט ניט געוואוסט פון אַנדער מין.
איז בלוט-לויף אין מיר שטענדיק זינגענדיק און קלאָר,
איז פרייד ביי מיר קיין בענקשאַפט ניט, נאָר זינגענדיקע וואָר.

אַמאָל ?
ניין.
אַז ערשטער מייסער פון מיין אייגענעם געזונט
אין בלוט פון אייגן טאָכטערל איצט רינט.
און אויף יעדן אומגעריכטן אָנקום פון אַ וויי,
איז וואַך אַ הונדערט-מאָליקער פול-פריידיקער געשריי.

## ס׳איז דאָס בלוט שוין לאַנג פאַררונען.

(מילכאָמע־מאָטיוו)

ס׳איז דאָס בלוט שוין לאַנג פאַררונען,
און די לייבער אויפגעפרעסן,
זיינען ביינער נאָר געבליבן.

העי, גרעבער,
אין שוואַרצע יאָמער־נעכט
אַרויס
צו נאַכטיק־שרעקנדיקע ברודער־קוואָרעם
מיט צלאָמעם אַף די קעפּ.
אַף פעלדער האַרץ־צעלעכערטע
און וועלדער דעמב געסאַרפּעטע
שפּייט פאַכאַד אויס
אַף צלאָמעם גוילאָם סטאַרטשענדיקע
און פלאַצן זאָל די האַרץ־געשוויר
און ברודיקן דעם פאַלנדיקן טוי
אין נעכט אַזוינע נאַ־וועננאַדישע.

און שטעלט זיך גראָבן.
גראָבט אוים אַ קאָפּ אַ פערדישן
און הענגט אים אויף
אַף פּים — צוויי דראַנגען — מענטשישע :

א קאָפּ א מענטשישן
אַף פּיס פיר פערדישע.
און שטעלט, און שטעלט,
און פּלאַצן זאָל די גאַל,
און גאַליקן דיביינער טרוקענע — — — —

פּאַלמעסט דורך די נאַכט
מיט ווילדע קוילעם,
און העפּט די צלאָמעם צו די קעפּ
די פערדישע:
מענטשן זיינען דאָ פון גלויבונגען פאַרשיידענע
און די צייט איז אַכרים־יאָמעמדיק — — —

ביין צו ביין
און שאַרבן לעבן שאַרבן
און אויסגעריכט סקעלעטישע אַרמיי.

איצטער שפּאַנט,
מעסט אוים די לענג און ברייט
פון שטעטם באַלעבטע גאסן,
ווי מען מעסט א קייוועד
פאַר א באַר מינאָן.

טיקן —
פלאַסטערט אוים די גאַסן
מיט די אויגן־לעכער
און די מיילער־ציינער
מיט אַ וויסטער קלאָלע
צו די הימלען — — — —

# בריסק.

בריסק,
מיין געאָגראַפיע־לערער
האָט געלערנט: גרויסן זיך מיט דיר —
ערשט־קלאַסיקע פעסטונג.
פאַר מיר ביסטו געווען
ס׳קאַצאָוויש געסל,
מיט בערל סעטשקע־מאַכערס הויף,
וואו ס׳האָט זיך גאַנצע טעג אַרומגעדרייט אַ בלינדע קליאַטשע
און געמאָלן סעטשקע.

היים,
וואו טאַטע האָט אַ גאַנצן טאָג
געשטאָפּט סאָלדאַטסקע פּאַפּיראָסן,
און מאַמע האָט געקוקט אין פענסטער,
צי ס׳גייט ניט דורך אַמאָל אַ פּאָליצייסקי.

יוגנט,
פון דרייצן יאָר ביז זעכצן,
וואָס טאַטע האָט פאַרקויפט אויף אַ קאָנטראַקט
צום שטאָט־געוויר, רעב באַצקל,
אף זיבן טעג אַ וואָך
אַ כויץ פרייטיק־צונאַכטן — — — —

כאָלעם,
ווען כ'האָב דאָס ערשטע מאָל
געזען ארויפקומען מיין באַלעבאָס רעב כאצקלס
אינגסטע טאָכטער זעלדעניו.
און איינמאָל אין אן אָוונט
האָב איך אָנגעטראָטן אף איר שאָטן
און אָפגעשטעקט א בריוועלע,
וואָס איז געבליבן אָן אַן ענטפער.

## ב ר י ס ק

בריסק,
שטאָט פון מיינע טאַטע־מאַמע, זיידעס, עלטער־זיידעס,
וואו איז דער לעבעדיקער איידעס
פון יענעם טאָג,
ווען ס'האָבן פייערן געשלונגען
יעדן ראָג? — — — —

בריסק,
היים פון טאַטע־מאַמע, זיידעס, עלטער־זיידעס,
וואו איז פון יענער וויסטער נאכט דער לעבעדיקער איידעס,
ווען ס'האָבען פייערן פון אלע זייטן דיך פאַרצערט,
היים, וואָס האָט פיר דוירעס פון מיין שטאַם גענערט? —

כ'בין אָבער אָן איידעס פון דיינע שפּעטערדיקע טעג,
ווען איך, צופוס, האָב אומגעקערט זיך פונ'ם וועג
צוריק אַהיים צו דיר, צו אויפזוכן מיין שטוב,
און האָב געפונען נאָר אָן אויסגעברענטע גרוב — — — —

ביסט ווי אַ יאַכסנדיקער בעטלער, אַ באַל־מום,
וואָס בעטלט גראָנשס מיט די אויגן שטום,

און לעבסט אַ לעבן היינט מיט אויסגעשטרעקטער האַנט
נאָך אַ נעדאָווע פון אַמעריקע דעם לאַנד.

און כאָטש ס'איז אויסגעוואָרצלט שוין מיין שטאַם פון דיר
און כ'שטיי מיט ביידע פיס אויף ערד אַמעריקעס שוין פעסט,
וועט ווייטיק שטענדיק נאָגן טיף אין מיר
פאַר מיין פאַרוויסטער ערשטער נעסט — — —

# איך בין אַ לערער.

איך בין אַ לערער
און גיב אַוועק די טעג
צו קינדער, —
פון ליכט פון אויסגעלייזטע טעג
און קינדערשע הערצער
בין איך — צינדער.

זיינען מיינע טעג
די טעג פון הונדערט קינדער.
גיי איך אום און וואונדער זיך:
ווי קאָנען טעג זיין מאָרע שכוירעדיק און בלינדע?...

שטיי איך און דערציל —
און ס'ווערן לעבעדיק די קלאנגען און די ווערטער —
איז ווי? ווי קאָן איך אומעטס האַדעווען אין זיך
אין טעג אזוינע מיר באַשערטע? — —

שטיי איך און דערצייל —
ניט מייסעלאך פון קעניגן און ריטער,
נאָר מייסעלאך פון דוירעס ערלאך לעבן
פון אַקערער און שניטער — — —

שטיי איך און דערצייל —
ניט מייסעלאך פון פרינץ און פון פרינצעסן,
נאָר מייסעלאך
פון לענינען און דעבסן. — — —

שטיי איך און דערצייל
ניט וואונדער פון א פאָן מיט שטערן,
נאָר וואונדער פון אַ פאָן
מיט בלוט פון האַרץ און קינדערישע טרערן — — —

און עס שטייען אויף די העלדן:
ניט מיט שווערד און טיטל,
נאָר פון גרוב דער קוילנגרעבער
מיטן לאָמפּ אף היטל.

און עס שטייען אויף די העלדן:
ניט פון שלעסער זאַטע,
נאָר פון קינדערס, ווי די קינדערס
העלדיש בראַווע טאַטעס — — —

## צום לערער

נערסט זיך יעדן טאָג
מיט שעפע שמעקעדיקער פרייד:
ס׳איז דאָך קינד ביי טאַטע־מאַמע
א וואונדערלאך פאַרפלאַנצטע בייט — — — —

מאַמעס טראָגן דיר אַנטקעגן
עמעס פון די ריינסטע טעג,
פרייד געלויטערטע, ווי הימעל,
זונען אויפ׳ן הימל־וועג — — — —

ליכט פון יונגע טעג צעבליטע
דורך די קינדערישע אויגן, —
טעג, געטראָגענע אויף פליגל
צו דער זון און רעגן־בויגן — — — —

פופציק טאַטעס, פופציק מאַמעס,
פופציק קינדער, — און דו איינער!
ליכטיקט עפּעס אויף אין מויאך,
זויבערט, לויטערט ריין פון ריינער — — — —

ווערט דיין יעדעס וואָרט צעטראָגן,
ווי די קערנער אין די נעסטן —

אויף די קינדערישע ליפּן,
ווי א טויב דעם אָנזאָג בעסטן — — —

קינדער זיינען די כאַלוימעס
פונ׳ם ליכטיקסטן באַגינען, —
איז אַ גרויסע פרייד באַשערט דיר:
זייער טאָג מיט זיי צו שפּינען — — —

## שנײ פֿאַרטאָג

פֿאַל, פֿאַל.
ס'איז איצטער קײנער דיר נישטאָ אין װעג:
פֿאַרטאָג.
לאָז קײן זײכער ניט פֿון נעכטנס טריט און שטעג.
זאָל אױסגערוטער מענטש, װאָס ט'עפֿענען די אױגן
טאָן אַ זאָג:
סאַראַ פֿריש פֿאַרשנײטע װעלט!
און פֿאַר יעדן טריט, װאָס ער שטעלט,
זאָל זײן אים באַנג
פֿאַר זײן דער ערשטער אױסצוטרעטן
אין שנײ געזױבערטן אַ גאַנג — — —

פֿאַל, פֿאַל.
ס'װעט קײנער ניט פֿאַרלאָזן איצט זײן שטוב.
ס'איז פֿערד פֿון מילך־װאָגן בלױז,
װאָס צײלט איצט יעדעם הױז,
אײנס, צװײ —
פֿאַר װעמען מילך און שנײ,
פֿאַר װעמען נאָר דער שנײ
פֿאַר טיר פֿון יעדן הױז — — —

# אַ שאָד.

אַ שאָד.
מיר האָבן ביידע פּערל־טעג געקליבן,
און פּלוצלונג האָט דיין פּוס אַ פּערל־טאָג צעריבן —
די שנור איז נאָך ניט פול —
א שאָד.

אַ שאָד.
כ׳בין אליין איצט מיט א פּערל־טאָג אין האנט
און מיט אזויפיל אויפגעקליבענע פּערל־טעג א באנד —
און טעמפּ איז פּלוצלונג מיין פארשטאַנד:
די שנור איז נאָך ניט פול —

אַ שאָד.
ס׳איז ווי עס גייען אוים א פוסגייער די קויכעס
באַ דעם סאמע ראַנד
פון ניט־געגעכטיקטע, ניט־געטאָגטן וועג
נאָך היימיש לאַנד —

אַ שאָד.
עס האָט די פרייד אָף גאַנצן לעבן זיך פאַרנומען,
און שטענדיק איז געווען א שוואוע אויף די ליפּן גרייט:
זאָל דעם דער צונג זיין צוגעקלעפּט צום גומען,
ווער ערשטער ס׳וועט פארשניידן אזא פרייד!

אַ שאָד.
פאר נייע קומענדיקע טעג
מיט שניט אַף פרישן פּאָנעם —
ווער ווינטשט, ווער ווינטשט עס קאָרעס־פרייד
אַפילע ערגסטע סאָנעם? — — —

אַ שאָד.
נאָר כ׳שווער ניט אָפּגעבן קיין שאָ פון מיינע טעג
אַף בענקען נאָך א פרייד, וואָס אויסגעמידן האָט
מיין וועג:
כ׳האָב קיינמאָל ניט געבונדן פרייד אין ווענט
פון אייגענעם געצעלט
און ס׳זיינען מיינע טעג געקניפּט מיט פרייד פון
גארער וועלט — — — —

# רויך פון מיינע פּאַפּיראָסן

רויך פון מיינע פּאַפּיראָסן —
נעפּל אַרום מידן קאָפּ, —
ווי אין דורשטיקע וואַסערן
זינקענדיקע שיף אַראָפּ — — — —

רויך פון מיינע פּאַפּיראָסן —
שטויב אויף פּאַרמעט פון געדאַנק, —
ווי פאַרגעסנקייט פון טעג
אויף וואָרט מיט לעבעדיקן קלאַנג — — — —

רויך פון מיינע פּאַפּיראָסן —
רו אַף ווייטיקדיק געמיט, —
ערשטע טראָפּנס פון אַ רעגן
אויף אַ דורשטיק־קראַנק געבליט — — — —

רויך פון מיינע פּאַפּיראָסן —
ברעם אויף אויג פון נייעם שיין
פון טעג, ווי ערשטלינגען געזונטע,
וואָס לויכטן אינ׳ם האַרץ אַריין — — — —

# האַרבסט אין קוני אײלאַנד

האַרבסט,
דײַן א ו מ ט אָ ג, קוני אײלאַנד,
איז געווען באַרעכענט פריער נאָך
פון די,
וואָס האָבן אָפּגעקויפט
די זומער־זוניקע מאָנאַטן דײַנע
ווי זעכצן־יאָריקע „סינדערעלאַ“
רעכנט אירע נעכט
מיט אַלטן רײַכן אויוער־באָטלניק.

פון דײַנע אָפּגעריטע ברעגן
גײט איצט אויף א שרעק,
ווי פון אַ דיל,
נאָר וואָס באַפרײַט
פון באַר־מינאָן.
און דײַן „באָרדוואָק“ איצט —
אַ וועג אַ נאַקעטער צווישן שטאָט און שטאָט —
איז שוים פאַר האַרץ צעבראָכענער,
פאַר באַל־כאַלוימעס
און פאַר מאַמעס
מיט קײַך־הוסטנדיקע קינדער — — — —

סטיפּלטשייז —
דיין זייכער איז ניט אפּגעמעקט !
דיינע אָפּגעפּליקטע מויל פּלאַקאַטן
קוקן נאָך אַראָפּ פון זשאַווערדיקע ווענט,
און דורך די כאָרעוודיקע ציינער
וויינען מיטן אָסיענדיקן פליוך
די איין־און־דרייסיק פאַרגעניגנס דיינע.

שטייען גאַסן און עוועניוס
מיט אָפּגענומענע מיילער,
און עס שפּרייט זיך אַ צאַר
אין הייזער,
וואָס פּוסטעווען — — — —
און ס׳הייבן אָן זשאַווערן
שטאָלענע סטענגעס
פון שלאַנגישן רוטשבאַן.

אָ פּ ג ע ש ט ע ל ט ע  פ ר י י ד
איז שפּילכל איצט
אַף שאַרפן
פון האַרבסטיקע כוואַליעס,
ווי ברוך פון שיפן
א ו נ ט ע ר ג ע ג אַ נ ג ע נ ע .

ליגט אַ שטילקייט אַזאַ
אַף אויסגעקערטע ברעגן,
ווי שטילקייט אַף זאַמדיקע וויסטעס
מיט וועגן פאַרשאָטענע — — — — — —

## PROSPERITY? YES, BUT SUFFERING

(פון אַ נאָטיץ אין דער „טיימס״ צו העלפן הונדערט
נויט־באַדערפטיקסטע אױף קריסטמעס).

צווישן פרייזן אַפן סטאָק־עקסטשיינדזש
און נייעס וועגן הואווערס אָנקומען אין טשילי
טראָגט אונטער „טיימס״ אַן אָרנדל
אין פעטער שריפט:
צו די, וואס לעבן אינם זונשיין פון „פּראָספּערעטי״
אין אונזער גרויסער, רייכער שטאָט,
צו העלפן הונדערט נויט־באדערפטיקסטע,
„אַליין ניט שולדיקע״ אין זייער אָרימקייט און נויט.

„טיימס״ —
אָטעם פון פאַרדינטע מיליאָנען יעדן טאָג
אַף וואָל סטריט —
ווערט אַ גאַבעטע
אין טעג פון ערעוו־קריסטמעס
פאַר הונדערט נויט־באדערפטיקסטע...

נו, פרעפלענדיקע ערעוו־קריסטמעס גוטסקייט
פון דער „טיימס״,
צעלייג זיך אפן פאַנעם פון באנקיר און ספעקולאנט —
וועט עפשער בארמהארציקייט

צעגיין אין גלידער,
צוצוואווארפן ברעקלאך
צו די הונדערט הונגעריקסטע ברידער...

מיר ? מיר זיינען ניט צווישן די דערמאָנטע הונדערט,
מיר ציילן זיך ניט אפן הונדערט, נאָר אפן מיליאָן, —
און כאָטש ווי יענע הונדערט לעבן מיר אַ לעבן,
איז אונזער הילף ניט די,
וואָס איר זייט גרייט צו געבן:
ס'וואַרגט ס'געשענקטע ברויט
פון האנט,
וואָס שולדיק איז אין אָרימקייט און נויט...

I

# קינדער ווערן רייף

קינדער ווערן רייף,
ווי פּיירעס געראָטענע מיט זאַפט,
און פאַלן אָפּ פון פריערדיקן שטאַם,
און פלאַנצן זיך איבער אין פּאָרן:
מאַן־און־ווייב, מאַן און ווייב —
שמעקט אַזוי דאָס יונג געזונטע לייב — — — —

II

## ערד אין אָנגעטרונקען און פאַרזייט

ערד איז אָנגעטרונקען און פאַרזייט
און ס׳שמעקט מיט פרוכפּערקייט פון יעדער בייט,
און מין באַהאַפּטן איז מיט מין,
און כיעס יערט אויף יעדן שפּאַן —
אַזוי איז די באַהעפּטונג: ווייב און מאַן — — — —

III

## ווי פויערל דאָס אייגן פרוכפּער פעלד

ווי פויערל דאָס אייגן פרוכפּער פעלד
מיט הענט מיט ערלאַכע פאַרהיט פון ווילד געוויקס,
און טרינקט עס אָן און היט עס אָפּ —
אַזוי די ווייב דעם מאַן און מאַן דער ווייב,
ווי ס׳אייגן אויג אין קאָפּ — — —

IV

## ס'ליגט די ערד אַן אָפענע, געטרייע,

ס'ליגט די ערד אַן אָפענע, געטרייע,
אַ צעזאַפּטיקטע אַזאַ און גרייטע
אויפצונעמען אין זיך דאָס פאַרזייטע,
ווי זי דעם ער און ער דער זי
אין רייפסטן לייב-צעבלי — — — —

V

## הימל האָט די ערד מיט רעגן אָנגעזויגן

הימל האָט די ערד מיט רעגן אָנגעזויגן
און צעמיניעט זיך אין כיינען פונ'ם רעגנבויגן.
אַזוי —
נאָך פּאָרן זיך פון מאַן-און-ווייב
מיניעט זיך אין אויגן
אַ רעגנבויגן — — — —

## VI

## ס'האָט דער טאָג זיך שוין פאַרמאַכט

ס'האָט דער טאָג זיך שוין פאַרמאַכט, שוין פאַרמאַכט,
און עס קומט אַזאַ באַלאָדענע מיט רו די נאַכט,
רו פאַר בוים און רו פאַר בלום,
רו פאַר פרוכטפולן באַשאַף.
שטום, שטום —
אָטעם איז פאַרכאַפּט
פון כיעסדיקן פּלום
ווי מאַן־און־ווייב
אין אייגענעם געַנוס.

## VII

## זון און ערד

זון און ערד
דורכ'ן גאַנצן טאָג באַהעפט,
אָפּגעגעבן זיך ביז טאָג איז מיד...
ווי ער דער זי און זי דעם ער
מיט לייב־און־לעב פון יעדן גליד — — — —

VIII

## ווי ס׳איז געטריי געדעקט דער טיש

ווי ס׳איז געטריי געדעקט דער טיש מיט ווייסן טישטוך
און מיט מייכאָלעם זעטיקע און ריין —
אַזוי געטריי איז צוגעגרייט געלעגער
און מיגלט, ווי געזונטע ווייסע ציין — — —
און קרעפּטיקן זאָל בעט,
ווי צוגעגרייטער טיש,
דאָס לייב
פון מאַן־און־ווייב — — —

IX

## ווער וועט פאַראומווירדיקן שפּייז

ווער וועט פאַראומווירדיקן שפּייז,
צי טרעטן אויפגעגאַנגען ברויט אַף פעלד?
זאָל בעט אין מאַן־און־ווייב געצעלט
זיין ערלאַך, ווי צעעפנט פעלד —
געטריי, ווי שוואַרצער ברויט
פון מאָרגן־רויט ביז מאָרגן־רויט — — —

X

## ס׳זאָגן צו אַזויפיל פריש געזונט די נעכט

ס׳זאָגן צו אזויפיל פריש געזונט די נעכט,
און ס׳שמעקט די ערד מיט ערשטן גרין און רייפן בלי,
און ס׳שמעקט: באהעפטונג פונ׳ם ער־און־זי
און ס׳פאָרן זיך פון יעדן לעבעדיקן מין — — —

XI

## עס כאַיעט זיך די אויסגעשעפטע נאַכט מיט טוי

עס כאַיעט זיך די אויסגעשעפטע נאַכט מיט טוי,
און ס׳שפינט אף אירע זוימען זיך שוין הימל-בלוי.
טאָג הייבט אויף דעם קאָפּ אין מאָרגן-רויט
און שמעקט מיט פריש-געבאַקן ברויט —
עפנט טאָג דאָס אויסגערוטע אויג
אַלץ ברייטער ברייט —
סארא שעפע נאַכט האָט צוגעגרייט — — —

XII

## ביים פֿויער ענדיקט זיך דער טאָג מיט זון

ביים פֿויער ענדיקט זיך דער טאָג מיט זון
און הייבט זיך אָן מיט זון
און צווישן זון און זון איז:
ברויט מיט זאַלץ פֿאַר מאַן-און-ווייב און קינד
און ערלאַך בעט מיט פֿרישן שטרוי
פֿאַר פֿריש געזונט און רו ביז הימלגרוי — — —

XIII

## נאָך גאַנצע און געזונטע נעכט

נאָך גאַנצע און געזונטע נעכט
איז קלאָרקייט פֿון די אויגן אינדערפֿרי,
ווי וואַסערקוואַל געלייטערט איבער נאַכט —
אויגן פֿון די אויסגערוטע ער-און-זי.
קוקט אין זיי אַריין
אָנהייב-טאָג,
זון,
קינדער,
מאַן-און-ווייב
און אויפֿגעגאַנגען, פּרוכפּער לייב — — — —

XIV

## ס'דאַכט זיך אוים, אז וועלט

ס'דאַכט זיך אוים, אז וועלט
איז ווילד און פרעמד,
און ס'ווייסט ניט איינער פונ'ם צווייטן.
נאָר ווען מיט רייפקייט שלאָגט פון יונגן לייב
וועט וועג אַ זוניקער זיך שפרייטן
און ווייב געפינען וועט איר מאַן און מאַן זיין ווייב —

XV

## טראָגנדיקע זי

טראָגנדיקע זי,
ס'צאַפּלט זיך דאָס האַרץ
פאַר אויפגעגעבליטן טאָג אין דיר,
פאַר דיין יעדן קער און ריר.
טאָמער אין א ווייסטער שאָ,
אָ, גרויל —
זאָל עס בעסער ניט געבראַכט ווערן
אויף מויל — — —

XVI

## מאַמע, מאַ —

מאַמע, מאַ —
אַף ליפּן פונ'ם זויגלינג
ערשטער פּלאַפּל —
און עס גיט זיך האַרץ
אַזאַ צעצאַפּל —
מאַמע, מאַ —
פאַר דיר פון ערשטן וואָרט דער קלאַנג —
און קיין זאַך דאַרף ניט טאָן דיר באַנג — —
מאַמע, מאַ,
דיר דאָס ערשטע וואָרט פון מענטש און וועלט,
דיר, דער בויערן, פון ער־און־זי־געצעלט — — —

XVII

## טאַטע, טאַ —

טאַטע, טאַ,
וואָרט אַף מיילכל מיט גייענדיקע ציין,
גרוים פון שטייפער ווערנדיקן רוקנביין.
טאַטע — טאַ,
דיך מיט אָנזאָג-וואָרט :
פון וואקסנדיקע ציין און שטייפער ווערנדיקן רוקנביין
באַלוינט,
ווייל אייגן לעבן, לעבן פון דער ווייב און קינד
געשוינט — — —

XVIII

## קינדער ווערן רייף

קינדער ווערן רייף,
ווי פיירעס געראָטענע מיט זאַפט,
און פאַלן אַפּ פון פריערדיקן שטאַם,
און פלאַנצן זיך איבער אין פּאָרן:
מאַן־און־ווייב, מאַן־און־ווייב —
שמעקט אַזוי דאָס יונג געזונטע לייב — — — —